יוסף קערלער

באָריס קאַרלאָוו

# שפּיגל־כתב

געציילטע לידער



יוסף קערלער • שפּיגל־כתב • באָריס קאַרלאָוו

## שפּיגל־כתב

געציילטע לידער

*

יוסף קערלער

און

באָריס קאַרלאָוו



יוסף קערלער באָריס קאַרלאָוו

# שפּיגל־כתב

## געציילטע לידער

פאַרלאַג "ירושלימער אַלמאַנאַך"
בשותפות מיט "דריי שוועסטער" פאַרלאַג

תשנ"ו — 1996

יוסף קרלר   בוריס קארלוב

# כתב־מראה

שירים ספורים

Josef Kerler   Boris Karloff

# Words in a Mirror

Selected Poems

published by
YERUSHALAIMER ALMANACH PRESS
in cooperation with
THREE SISTERS PRESS
and the
OXFORD INSTITUTE FOR YIDDISH STUDIES



Printed in Israel
נדפס בישראל, תשנ"ו
דפוס צור־אות, ירושלים

*מיר האָבן ניט בדעה צו פאַרפירן אַ לאַנגן שמועס מכח אַ טאַטן און אַ זון וואָס גיבן אַרויס בשותפות אַ זאַמלונג זייערע געציילטע לידער, וואו אַ ליד אַקעגן אַ ליד — צומאָל פון גאָר פאַרשיידענע תקופות — רופן זיך און שפיגלען זיך איבער בילדעריש, פאָעטיש צי טעמאַטיש אויף אַן אינטים־פריוואַטן אָדער אויף אַן אַלגעמיין־אַסאָציאַטיוון אופן.*

*מיר זענען אויך ניט אויסן זיך אַריינצולאָזן אין קיין טיפע חקירות מיט קיין געהויבענע מליצות וועגן "דור לדור יביע אמר", הגם אין דעם פאַל פון יידישער פאָעזיע היינט־צו־טאָג, ווי אויך אין אונדזער אייגענעם פאַל, האַנדלט זיך דאָ אין אָן אַ שיעור מער ווי בלויז צוויי ליטעראַרישע דורות פון פאָעטישן אויסדרוק און פון לירישן וועלטבאַנעם.*

*פראָסט און פשוט — כאָטש אַן עכטער פראָסט־און־פשוט איז ווייט ניט אַזוי פראָסט און גאָרניט אַזוי פשוט — ווילן מיר אויסדריקן אונדזער גלויבן, אַז אַפילו אַזאַ העכסט יחידותדיקער און עגאָצענטרישער אופן פון שאַפן — ווי עס איז די לירישע דיכטונג — קאָן עס און אַמאָל מוז עס אַפילו צונויפגעשטאַלטיקט ווערן בשותפות.*

*און טאָמער האָט זיך אונדז איינגעגעבן מקיים צו זיין, אַז ניט יעדער שפיגל איז אַ שפיגל אויף אַ שטיין און אַז ניט יעדער כתב מוז פאַרבלייבן אָן אַ שפיגל — דיינו.*

# אינהאַלט





## שפּיגל־כּתב

כ׳האָב צופעליק אַריינגעבליקט
אין שפּיגל –
און כ׳בין פאַרשטאַרט געבליבן –
כ׳האָב אויסגעשריגן:
– טאַטע,
טאַטע!
נאָר ער, ווייזט אויס,
האָט גאָרנישט ניט דערהערט
און ס׳האָבן זיינע ליפּן טרוקענע
אַ הייסע תּפילה שטיל געפּליסטערט:
– אוי, פאָטער, האַרציקער,
איך בין שוין אַלט און קראַנק,
גיב כּח מיר,
איך זאָל באַדאַנקען דיר
פאַר דיינע גרויסע חסדים:
האָסט מיר געבראַכט אַהיים
פון פייערדיקן שלאַכט
מיין זון, מיין איינס־פאַרבליבענעם,
אַ שווער־פאַרוואונדעטן און דאָך –
מיט לעבעדיקער יונגשאַפט,
ווי אַ מילגרוים איבערפולט...

ניט לאַנג, ניט לאַנג
כ׳האָב זיך מיט פרייד

אַריינגעשפּיגלט אין זיין פּנים:
מ׳האָט פּלוצעם אין אַ וויסטער נאַכט
באַפאַלן אים, פאַרקאָוועט אים אין קייטן,
פאַרשלעפּט אויף קאַטאָרגע,
אויף אומברענג,
אין די ווייטע קאַלטע קאַנטן.

דערבאַרעם זיך אויף אים,
איך בין שוין אַלט און קראַנק...
צונויפגעליכטיקט
און צונויפגעקניפּט
כ׳האָב מיינע לעצטע כוחות
איך זאָל אויפסניי
דערוואַרטן זיך אויף אים,
כדי צום לעצטן מאָל
אים בענטשן
און כ׳וויס, אַז דו וועסט העלפן!
– –
כ׳האָב היינט אַריינגעבליקט
אין שפּיגל
און כ׳האָב דערקענט מיין טאַטן...
– –
אָ גאָט, מיין גאָט,
צי דאַרף איך עפּעס מיין,
אַז אויך מיין ליבער זון
זאָל שפּיגל־כתב פאַרשטיין?!



## Nocturno

שפּעט ביינאַכט. עס שלאָפן וועלט־און־לייט
אונטערן וואַכן אָפּגלי פון צעהעלטע שטערן,
בלויז אַן איינזאַם נאַכטיק ווינטל אין דער ווייט
קאָן די מילדע שטילקייט קוים צעשטערן.

שפּעט ביינאַכט. עס שלאָפן קינד־און־קייט,
כ׳וואַרף מיין עלנט וואַכן בליק אין שפּיגל, –
דאָרט דערקען איך ווי פון אונטער זיבן ריגלען
דעם פאַרקריצטן שפּיגל־כתב, וואָס מיך געטרײַ באַגלייט.

שפּעט ביינאַכט. עס שלאָפט שוין גאָר מיין וועלט
און כ׳דערזע אין אַלטן שפּיגל׳ס קאַלטן גלאָז
ווי אַיעדער שטריך און קנייטש דערבריט ווי פּייער־אות,
ווי דעם זיידנס אַלטער ניגון פון אַיעדן רונצל קוועלט.

שפּעט, ביז שפּעט דעם זיידנס ניגון וואַכט
און אין מיינע קינד־און־קייט פאַרדריגלט און פאַרוויגט עס ליגט...
דורכן קאַלטן גלאָז צוריק צו מיר דערבליקט
דעם טאַטנס שפּאָגל פרישע, זויבער קלאָרע שפּיגלשפּראַך...

## ס׳וועט אפשר שפּעטער...

ס׳וועט אפשר שפּעטער גרינג זיין צו דערמאָנען
דאָס ערשטע בייזע פרעסטל אויף די האָר,
ס׳גייט מיר נאָך די דאָרפישע לבנה,
ווי אַ שטאָלצער גוואַרדיע־דאָזאָר.

שוין וויפל מאָל מיך האָבן אויסגעהיט פון טרויער
און, ווער קאָן וויסן, אפשר אויך פון טויט
דער אַלטער קליאָן, דער פרישער סקריפּ פון טויער,
דער שיכורדיקער דופט פון היימיש ברויט...

מיר טרעטן אָפּ, פאַרקלעמט פון שטאָל און פייער,
אַ שווערער שטויב ליגט ביטער אויף די ציין,
נאָר ס׳גייט אונדז נאָך אַ מוטערלעך־געטרייע
אין טיפער וואונד – מיין מוטערלעכע היים...

דערפער ברענען. פליטים אויף די שליאַכן...
וויגלאַנד מיינס, מיר וועלן קומען צ׳ריק!
סיידן איבער אָפּגרונטן פון שלאַכטן
בלייבן מיר פאַר ברידער, ווי אַ בריק...

זאָלט איר דעמאָלט בענטשן אונדזער ווייטיק,
אונדזער שטאָלצן, בלוטנדיקן דור...
ס׳גייט מיר נאָך דאָס היימלאַנד ווי אַ צווייטלינג,
ווי אַ טרייער גוואַרדיע־דאָזאָר.

וויאַזמע, 1941



## פרילינגשטורעם

ס׳וועט אפשר שפּעטער ווערן קלאָר צי קלערער
ווי נאַקעט ס׳איז געווען דער בוים נאָך איידער
ס׳האָט זיך גענומען פאַר די קרומע צווייגן דער
האַרבסט, – דער טויבער, בלינדער, קאַלטער שערער.

דערווייל זשע טוען גרינגע שורות לוסטיק זיך אַ קלעטער
און גיי פאַרשטיי, אַז ס׳איז אַ קאַנצנשפּרונג ביז ווינטער,
ווען זשעדנע מיטן גרינעם זאַפט פאַרכלינען זיך די בלעטער,
און ווען מיט זון־און־שאָטן ס׳אָטעמט קלוג דער אַלטער צווינטער

אין סאַמע צענטער שטאָט, אין סאַמע מיטן פרילינגשטורעם.
און ליכטיק זינגט דאָס האַרץ ניט קלערנדיק פון קומער,
ס׳צעברויזט זיך מיט געזאַנג פאַרגעסנדיק אין אויפרייס,
וואָס לויערט מיט געדולד פון גוטן זייגערס ווייזער.

דאָס יונגע, שטאָלצע האַרץ – עס טאָר ניט זיין פאַראומערט
מיט שטעכיקן געפעכט וואָס צווישן דאָ און נישט־זיין
ווי יענער בוים וואָס טוט זיך אָן אין געלבלעך־גרויען אומעט
ביים ווערן אויסגעקושט פון האַרבסט דעם קאַלטנס אייזן.

## ניט אויסגעשעפּט

ניט אויסגעשעפּט איז ביז צום גרונט
מיין חי געלעבט, אַבי געזונט
און ס׳ליכטיקט זיך
מיין ווייטער שטערן...

נאָר אויב דערשפּירן כ׳וועל –
מיין שטערן האַלט זיך שוין
ביים לעשן –
ווי אַ לפּיד איך וואַרף מיין ליד
מיט בענטשונג און באַוואונדער
פֿאַר מיין אויפסניי צעזונגען
מאַמע־לשון
פֿון מיין יונגן
איין און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

ניט אויסגעשעפּט
איז ביז צו גרונט
מיין חי געלעבט, אַבי געזונט
און ס׳ליכטיקט אונדזער ווייטער שטערן.



## שוין וויפל מאָל

שוין וויפל מאָל ביסטו אַריין און דווקא אין דעם זעלבן טייך
דערקלאָרן און דערפרישן דיין פרייד און אויך דיין ווייעניש,
און קעגן שטראָם געשטעלט זיך – גלייך אויף גלייך –
באַגריסנדיק דעם קאַלטן פלייץ דעם פּאַנטאַרעאישן.

שוין וויפל מאָל עס האָט געטאָטשעט דיך דער זעלבער שטראָם
און כלומרשט דיך געצערטלט מיט זיינע גלעטן מיט נערווייאישע,
געשטאַנען ביסטו וויפל מאָל ביים זעלבן וואַסער־תהום
און זיך באַנייט מיט יאָדערדיקן קלאַנג פון יענעם אורקוואַל יונג־אַרכעאישן.

און ס׳האָט געדאַכט פאַרשלינגען וועט דער טייך
דעם מינדסטן שפור פון מי־און־מוט, פון מענטשלעכער גדעכעניש,
נאָר, זעסטו – ס׳לעבט דער שטאָלצער אומרו מוטער־פייכט
אין דיינע בליקן פול מיט שמייכל, לעכצעניש און רעטעניש!

שוין וויפל מאָל האָסט זיך געשטעלט אַקעגן שטראָם,
געטובלט זיך אין אים און אים געשאָלטן בענטשנדיק
ווייל דווקא אין דעם זעלבן טייך אַנטפלעקט האָסטו די קורצע שעה
וואו ס׳אייביקט זיך די גאָט־געזאַלבטע מענטשלעכקייט.

## געדענקסטו דעם שלאַקס־רעגן

געדענקסטו ווי ס׳האָט דאַן געפּליוכעט אַ רעגן?
אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זוניקער מבול!

ס׳האָבן געשטראָמט און געפּלייצט מיטן וואַסער
גאַסן און פּלעצער, און שטאָטישע סקווערן...
ווי העלפאַנדן
האָבן זיך פריילעך פּאָליושקעט
טראָלייבוסן בלויע...

איין טייל פונעם הימל האָט ממש געשײַנט,
אויף חידושים – אַ קלאָרער,
נאָר שטיקער פון כמאַריקן טייל –
דער ווינט האָט געריסן,
אין פּנים געשמיצט מיטן רעגן.

מיט יעדן זיגזאַג פון אַן אויפבליץ,
מיט יעדן געקנאַל פונעם דונער –
דאָס האַרץ איז פאַרצאַפּלט געפאַלן,
באַגלייך דו וואָלסט פאַלן אין אָפּגרונט.

געדענקסטו ווי ס׳האָט דאַן געפּליוכעט אַ רעגן?
אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זוניקער מבול!
און מענטשן,



צעטומלטע מענטשן, פאַרהויבן די קאָלנערס,
געבויגן די קעפּ אונטער שירעמס צעווייקטע,
געשמיסן פון ווינט און פון וואַסער,
זיי זײַנען געלאָפן, געשטופּט אונדז,
געשטויסן:
– צעדרייטע אַזעלכע,
זיי זוכן קיין ווינקל,
קיין ווינקל קיין טרוקנס פון אונטער אַ דאַך!...

און מיר?
מיר האָבן זיך אויסגעטאָן באָרוועס, ווי קינדער,
מיר זײַנען געגאַנגען פּאַמעלעך, פּאַמעלעך,
כמעט ווי געשוואומען, –
פאַרפלאָכטן די פינגער,
די הערצער צוזאַמענגעפלאָכטן
מיט זון און מיט רעגן
און אויך מיטן זון – אונדזער קינד,
וואָס באַדאַרף אויף דער וועלט ערשט נאָך קומען...

געדענקסטו ווי ס׳האָט דאַן געפּליוכעט אַ רעגן?
אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זוניקער מבול!
צי וועל איך פאַרגעסן? –
כ׳זאָל קיינמאָל פון קראַפּט און פון זאַפט
מער נישט וויסן,
ווי טרוקענער דאָרן, פאַרלאָרן כ׳זאָל גיין
אין דער פּרוכטלאָזער וויסטע, –
אויב איך וועל אַמאָל
כאָטש אַ רגע פאַרגעסן,
דעם שלאַקס־רעגן יענעם
אין ליכט פון מײַן ליבשאַפט!

## געדענקסטו

געדענקסטו, געדענקסטו יענעם שיינעם, לאַנגן טאָג?
די וועלט האָט זיך צעקוועלט מיט אַלע זיבן יונגע זאַכן,
מיר האָבן דאַן אַזויפיל מאָל זיך נאָכאַנאַנד צונויפגעהאָפּט,
האָסט מיך געפרעגט דערנאָך:
– דו שלאָפסט?
– ניין, ס'נעמט מיך ניט דער שלאָף
און איך בין גליקלעך דאָ מיט דיר צו וואַכן...

געדענקסטו, געדענקסטו יענע קלאָרע, דרייסטע נאַכט?
די שטערן האָבן זיך צעזונגען ברייט אין הימלדיקע ספערן־פּאַכן.
מיט ווייכן אָטעם האָסטו דאַן אויפסניי מיך אויסגעהאָפּט
און מיך געפרעגט דערנאָך:
– דו שלאָפסט?
– ניין, ס'נעמט מיך ניט דער שלאָף,
ווייל איך בין גליקלעך דאָ מיט דיר צו וואַכן...



געדענקסטו, געדענקסטו דאָס דופּטיק פרישע ערשטע יאָר?
הימל און ערד צעפראַלט זיך האָבן פריי מיט שטראַלן און מיט בלומען
און אַלץ וואָס איז מיט אונדז געשען דערנאָך
פאַרבלייבן וועט אויף וואָר
ביז־ווען ס'וועט ניט פאַרדאַרט ווערן מיין גומען.

געדענקען וועל איך ביז מיין לעצטן גלי
ווי דו האָסט דאַן מיין קאָפּ
אין דיינע הענט פאַרנומען:
– דו האָסט מיך ליב?
– איך האָב, איך האָב...
און איך בין גליקלעך וואָס כ'האָב דיך געפונען...

## וואונדערוועלט

אַ קליין, אַ וואַרעם נפשל
זיך טוליעט צו מיין ברוסט
און ס׳דוכט, אַז גאָר מיין לעבן
כ׳האָב קיין צרות ניט געוואוסט,

קיין שלאַכט־פעלדער,
קיין קאַטאָרגעס,
קיין פייער און קיין בלוט...

איז ניט געווען!...

און אויב ס׳איז טאַקע יאָ געווען?
איז ווערט געווען! – ס׳איז גוט
צו שווימען מיטן מענטשן־שטראָם
אין זוניקן געבלענד
מיט אַזאַ גרויסער וואונדערוועלט –
מיין פיצל אויף די הענט.

מאָסקווע, 1958



## שפּאַצירנדיק מיטן טאַטן און זון

צוויי וועלט האַלטסטו ביי דער האַנט
און ביידע וועלטן זיינען דיינע,
דיין מאָרגן און דיין נעכטן היינט
דעם וועג דעם זוניקן באַשיינען.

צוויי וועלטן האַלטן אונטער דיך:
אַ יונג, פריש וועלטל פול מיט ליכט,
אַ וועלט פון קנאָכיקן אויסדויער
וואָס קווועלט פון הימלען און פון רויערד.

צוויי וועלטן פירן דיך פאַרליבט...
צי קען דען צייט דעם בונד צערייבן? –
אַז ביידע וועלן אייביק בלייבן
דיין לייב־און־לעבן און דיין ליד.

ירושלים, 1994

## מרים

מרים, מרים, מירעלע
ביסט מיין גילדן שירהלע
ביסט מיין גילדן קעפּעלע
קייקל זיך אַראָפּ
אויף מיין זילבערנעם קאָפּ
ווי אַ גילדן עפּעלע
וועט מיך אָפּפרישן אַ רעגן
פאַר די קליינע קינדערסוועגן
פאַר די קינדס קינדערלעך מיינע
זאָלן זיי מיין פּרי
באַשיינען.



## שלח לחמך

מיר זיינען אַרויס מיט דער קליינער
צו האָדעווען קאַטשקעס אין טייך.
דער טייך האָט זיך היפּשלעך צעגאָסן,
פאַרטאָפּיענדיק פעלדער און ביימער,
און זיך אין צעשפּרייטקייט פאַרמאָסטן
מיט רחבותן פרייע און ברייטע
מיט האָריזאָנטן צוגלייך.

מיר זיינען אַרויס מיט דער קליינער
דעם רעגן און ווינט אויף צו להכעיס,
און ס׳דאַכט אַז אַחוץ אונדז דאָ קיינער
ניט וואַגט זיך אַרויס אויף די גאַסן.
מיר גייען צעשטראַלטע צום וואַסער
פון טראָפּנס אויף טראָפּנס באַגלייטע
צו האָדעווען קאַטשקעס אין טייך.

מיר קומען שוין צו מיט דער קליינער,
אין קוישל עס קרישלען זיך חלות –
באַלד וועלן זיי פליען אין וואַסער,
דערקוויקן די קאַטשקעס אין טייך.
נאָר אָט שוין ביים ברעג אונטער ביימער
מיר שטייען שוין ביידע און רופן
די קאַטשקעס וואָס שווימען העט ווייט.

זיי ווילן ניט הערן. די קליינע
צעגייט זיך אין לאַכן ביז וויינען:
״ווי קומט עס, אַז אונדזערע קאַטשקעס
פאַרשווימען אַוועק אַזוי ווייט?״

געענטפערט האָב איך צו דער קליינער:
״דער טייך, דער צעמבולטער איינער,
מיט שטראָם זיי פאַריאָגט און פאַרטרייבט.
נאָר מילא, אַ שאָד דיינע טרערן,
מיט שטראָם זאָלן זיי זיך ניט ווערן;
אָט לאָמיר איצט בעסער אינאיינעם
די חלות פון פריער פאַרגרייטע
צעקרישלען און וואַרפן אין טייך״.



## זוניקייט

די זון
הינטער דער קאַלטער
כמאַרע־געדיכטעניש
אויך זי,
נאָך אַ ביסעלע זון־שיין,
נאָך אַ ביסעלע ליכטיקייט,
זי לעכצט,

זי זוכט צווישן וואָלקנס
אַ שפּעלטעלע, אַ שפּאַרונקעלע
כדי אַרויס פון דער טונקלעניש
און ווען זי געפינט –
מיט אַ פרייד־געקרעכץ
זי טוט זיך אַ רייס אַרויס
און וואַרעם ווערט,
און ליכטיק ווערט
אויף גאָר דער אויסגעפלאָגטער ערד.
איר הערט?!

איר הערט,
ווי טייערע קינדערלעך
לערנען זיס, געשמאַק און הייס
די קלוגע ווערטער
פון יידישן אַלף־בית

און ווי די מילדע זון,
זי קאַרגט ניט אירע שטראַלן
זיי זאָלן ווי גילדענע רענדלעך
גלייך אין די הענטלעך פאַלן
פון די גליקלעכע,
פלייסיקע יידישע קינדער –
אַ געזונט אויף זיי!



## די וועלט

די וועלט וואָס איז דאָ
וועט נאָך אויכעט ניט זיין מער,
די וועלט וואָס וועט זיין
וועט אויך ווייטער נישט ווערן, –
איז לעבסטו זיך אויס אונטער הימל און שטערן
פון דער איינציקער וועלט,
וואָס מ׳זאָגט "זי ז׳נישטאָ מער".

מיט מעכטיקע שטראַלן
פון נעכטיקע זונען
די אַלטע פאַרוואָסן –
זיי ווערן אַנטרונען,
און דאָס ציכטיקע ליכט
וואָס ווערט אויסגעבאָרגן
פאַרהיט ס׳גלייכגעוויכט
ביים אויפשטייג פון מאָרגן.

און ס׳הייבן אָן שלאָגן מיט האַרצקלאַפּ־געפּאָך
די גערעכטיקע, לעכטיקע, עכטיקע פליגלען
אין דער איינציקער וואונדערוועלט
צווישן ברכה און בראָך.

די וועלט וואָס איז דאָ –
גלייך ווי די וואָס געווען שוין,
די וועלט וואָס וועט זיין –
וועט נאָך מאָנען דיין בענטשונג,

ביים אויפלעבן ווידער
דורך שטיינער אויף גריבער
אין דער וועלט וואָס איז יאָ מער
צווישן יאָמער און טאָמער.



## אין די נעכט

די טעג כ׳בין פאַרשמיסן
דורך הונדערטער זאַכן,
פון וועלכע כ׳וואָלט וויינען,
ווען ס׳וואָלט זיך נישט לאַכן,
די טעג כ׳בין פאַרפּלאָנטערט
אין הונדערטער דאגות,
פון וועלכע כ׳וואָלט שרייען,
ווען ס׳וואָלט זיך נישט שווייגן...
ס׳פאַרשלעפּט דער המון,
וועלכער קאָכט זיך און זידט,
וואָס פליט און וואָס האַוועט,
וואָס פאַלט און וואָס קניט...
צו וואָס? – ווערסטו פרעגן;
ווער קען עס דען וויסן –
דורך הונדערטער זאַכן
די טעג כ׳בין פאַרשמיסן!
די טעג...
נאָר דערפאַר אין דער שטיל,
ביי דער נאַכט,
אין דער שיין פון דעם שטערן,
וואָס פלוצעם דערוואַכט –
איך ווער ווי אַ סטרונע,
וואָס וויל זיך צעזינגען
און בענקט צום באַריר
פון לבנהיקע פינגער,

און בענקט, ווי מיר דאַכט,
צו דער בענקשאַפט אַליין,
פון וועלכער כ׳וואָלט לאַכן,
ווען נישט דאָס געוויין,
וואָס טוט זיך אַ בראָך,
ווייל דער חלום גייט אויס
און סע שיינט שוין די זון,
ווי די גילדענע רויז,
וואָס כ׳האָב איינמאָל געזען,
איך געדענק שוין נישט קלאָר –
אין חלום,
צי אפשר אַמאָל אויף דער וואָר?



## פאַרפרי

קום שפעט ביינאַכט פון שטוב אַרויס
ווען קיינער קער ניט הערן
און קוק זיך צו ווי איין און אויס
עס זשומען קלאָר די שטערן.

און ווען דערזען דו וועסט דעם זשום
וועסטו פאַר זיך געפינען
דעם שאַ און שטיל פון שטערן־שפּיל,
פון אייביקער נגינה.

און ווען דער קלאָרער שטערן־טרעל
וועט טרייסטן דיך ביז טרערן
וועסט דאַן דיין האַרץ ווי ס׳האַרץ פון וועלט
דערשפירן און דערהערן.

קום שפעט ביינאַכט פון זיך אַרויס
ווען קיינער קער ניט שטערן
און האָרך זיך איין – וועלט־איין, וועלט־אויס –
אין זשום פון זיין און ווערן.

## דאָס געזאַנג צו די יהודה־בערג

פאַראַן אַזעלכע בערג –
זיי שפאַרן מיט די שניי־שפיצן
אַלץ העכער צו די הימלען,
זיי זאַמלען אין געהיימעניש פון טיפע תהומען
פינצטערניש און שרעק...
זיי זיינען חוצפהדיק
מיט יעדן ריס אַרויף,
זיי זיינען שיין און בייז,
די בערג די יעניקע –
אַריבער ווילד־געוואַלגער
פון געפאַלענע,
געקראַכטע,
מיט שטומען אויסגעשריי
זיי שטופן זיך
און קריכן איינס אויף ס'אַנדערע
אַלץ העכער פון די כמאַרעס, –
רק – צום הימל,
רק – צו גאָט!...

נאָר אונדזערע יהודה־בערג,
זיי זיינען אַנדערש:
באַטרונקענע מיט זון, מיט לופטיקייט
און מיט לבנה־שטילקייט
אין די ווייכע פאַלדן –



זיי האָבן אַלץ געזען אויף אָט דער וועלט.
זיי ווייסן אַלץ.
זיי זיינען רואיק.
זיי האָבן דאָך אַפילו נישט געשטוינט,
ווען כ'בין צו זיי געקומען
צוריק פון די יאָרטויזנטער אין וואָגל!...
פראָסט־פשוט –
זיי האָבן מיך דערקענט
און אָנגעפילט מיין אויסגעפלאָגטע זעל
מיט בענטשונג און מנוחה.

יאָ, די יהודה־בערג,
זיי זיינען אַנדערש!
ס'איז צווישן זיי נישטאָ
קיין קריגעריי, קיין שטויסעריי
און קיין פאַרשטיינט געשריי –
זיי זיינען רואיק.
וואָס דאַרפן זיי זיך שטופן צו די הימלען,
אויב גאָט ברוך הוא אַליין
האָט זיי פון דאָרט אַראָפגעלאָזט
צו אונדז,
אויף אָט דער ערד?
אָ, די יהודה־בערג,
ווי פליגל רחבותדיק צעשפרייטע
אַרום דער שטאָט מיינער
ירושלים של זהב...

## פון מדבר יהודה

איך פאָר פאַמעלעך
פון ים־המלח
און אויב כ׳וועל ווייטער
די צייט ניט שפּאָרן
ווער ווייסט צי כ׳וועל
אַהיים דערפאָרן.

דער מדבר שרפהט
מיט צונגען שאַרפע,
מיט שטויבן
טויבע.
פאַרטרוקנט וואַרטן
אויף טרונק געגאַרטן
די ליפן שטומע,
די צונג־און־גומען.

איך פאָר פאַמעלעך
פון ים־המלח
און אָט דערנעבן
כ׳דערזע עס פלעמלט
אַ רעשט פון שייטער, –
דער בעדואינער אַוועק
העט ווייט שוין.

און לעבן שייטער
ביים ברעג פון וועג דאָ
עס ליגט אַ פגר
פון אייזל ווייסן



און לעבן אים
זיצט זיך אַן אָדלער,
אַ מאַיעסטעטיש שיינער אָדלער, –
איר הערט אַ מעשה?!

און אויך פון אויבן
איבער דעם פגר
עס קרייזט און קרייזט זיך
נאָך אַן אָדלער,
צעפירט מיט מעכטיק־ברייטע פליגל
ווי מיך מיט פגר גריסן וואָלט ער.

איך פאָר מיך ווייטער
פאַרביי דעם שייטער
מיט פרישן פגר,
מיט אָדלערס שיינע
און קלער מיך איינעט
אין אָט דער סצענע
וואו טויט און לעבן
פראַווען סעודה
אין סאַמע מיטן מדבר יהודה.

איך פאָר פאַמעלעך
פון ים־המלח
און קלער:
ווען כ׳וואָלט אויף זיך געטראָגן
דעם אָדלער׳ס פליגל
מיט אייזל׳ס יאָרן
צי וואָלט איך שוין
אַהיים
דערפאָרן?

# אוקראַינע

1
אויב ס׳וועט זיך אָנפרעגן אויף מיר
מיין וויגלאַנד, מיין געבוירנלאַנד,
מיין קינדהייט –
כ׳טראָג אַנטקעגן אַלעמען דאָס וואונדער
אַז כ׳אָטעם מיט דער פולער ברוסט
און, גאָט צו דאַנקען, –
כ׳בין גענוג נאָך שטאַרק
און אויסהאַלטן ס׳וועט מיין געזונטער קאַרק
די ערשטע ליבשאַפט
צו מיין זויגמוטער
אוקריינע.

2
אוקראַינע, אוקראַינע וויגלאַנד אוקראַינע
זאַפטיק בליען פעלדער גרינע
ביז צו מיין מדינה,
ווייט בין איך פון מיין פּאָדאָליע
אין דער וועלט פאַרלאָרן
נאָר סע רוישט הינטער די פּלייצעס
דיין געדיכטער קאָרן
און סע כישופט מיך דיין קאָבזע
פונקט ווי דודס האַרפע –
כ׳קען מיין ניענקאַ אוקראַינע
זיך מיט דיר ניט וואַרפן.



## Llandudno Junction

כ׳האָב מיין האַרץ פאַרלאָרן אין כלאַנדידנאָ דזשאַנקשן
צווישן פרעמדע פעלדער, בערגלעך, שאָף און טאָלן,
גלייך ווי כ׳וואָלט געזוכט דאָ די קלאָרע רו פון לאַנג שוין
און כ׳וואָלט־זי דאָ געפונען אויף שטעגעלעך אויף שמאָלע.

און די פרישע עכטיקייט פון רואיקע פאַרטאָגן
אָטעמט זיך מיט לעבן און מיט רייפן גלויבן,
כ׳האָב צו דיר, כלאַנדידנאָ, מיין אומרו צוגעטראָגן
און דיינע שטערן ציטערן מיט נעץ מיר אין די אויגן.

צי וועט מיר סטייען צייט נאָך זיך וואַכזאַם צוצוהאָרכן,
שפּאַנענדיק באַדאַכט אַזוי איבער די פרייע שטראָזן,
צו אַלע דיינע שווייגנס און צו אַלע דיינע שאָרכן
וואָס הילכן אָפּ מיט צאַרטן שטאָלץ אין הימל, בערג און גראָזן?

כ׳האָב מיין האַרץ געלאָזט דאָ אויף די פעלדער גרינע,
אויף די ליקלעך שיטערע באַוואוינט פון מענטשן פּשוטע.
אין כלאַנדידנאָ דזשאַנקשן וואַכט אויף דער באַגינען
און די שטילקייט צאַנקט שוין פאַרביי אַ צעפּאַלאָשעטע.

## אַ שניי גאָר...

און פלוצעם – ס׳ווערט ירושלים
פֿאַרשאָטנט. פֿאַרשאָטן מיט שניי...
דעם היינטיקן טאָג וויל פֿאַרשרייען
מיין לאַנג שוין פֿאַרגאַנגענע וויי,
מיין בייזער, מיין פינצטערער חלום,
וואָס לויערט נאָך אַלץ און ער וואַרט –
אַ בלוטיקן רעשט זאָל איך צאָלן
מיט אויפרייס וואָס צייטיקט אין האַרץ...

אַ שניי גאָר אין ירושלים
אין ירושלים – אַ שניי!
אַ צאַרטער אַזוי ווי מיין פרייהייט,
אַ שטאַרקער ווי יענער זאַווײ,
וואָס כ׳האָב שוין כמעט ווי פֿאַרגעסן
אין ליכט פֿון אַ קיילעכדיק יאָר
דורך פלייציקן שטראָם פֿון מעת־לעתן
פֿון שווערער, פֿון זוניקער זאָרג.



פֿאַרשנייטע די גאַסן, די הייזער
די מענטשן דערקען איך און שטוין:
מיין צאַרטקייט איז שטאַרקער פֿון אייזן,
מיין האַרטקייט אויפסניי ווערט באַלוינט
מיט גרינע און גילדענע פלעקן
פֿון צעדערס אין פעלדזן פֿאַרשרויפט,
פֿון חלום פֿון ווייסן זיי וועקן
און שטרעקן זיך העכער אַרויף
ביז נעפּלען געדיכטע זיך רייסן,
דורך גרויקייט פֿאַרבלאָנדזשעט אַ שטראַל
און בלויקייטן ריינע זיך וויזן
פֿון ערגעץ אַ זוניקן שפּאַלט
און ס׳פינקלען פֿון אַלע פיר זייטן
מיט יידישער קינדערשער ליכט –
די בערג די פֿאַרשנייטע פֿון וייטנס,
פֿון נאָענט – אַ מענטשלעך געזיכט.

## געזען האָב איך...

יש אנשים עם לב של אבן
ואבנים עם לב אדם...

געזען האָב איך היימישע שטיבלעך
וואָס שטראַלן מיט אייביקן ליכט,
זיי ווינקען און זינקען אין הימלען
מיט פרעכקייט, מיט פאָרכט און מיט פליכט.

ירושלים של מטה –
דעם הימל׳ס אַלוועלטלעכער דנאָ,
צו דיר קום איך ווידער צו לאַטען
מיין וואָר מיטן פלאַם פון דיין בלאָ.

פון הויפן פון דיינע און גערטנער
דורך טומל פון שלאָפלאָזן קאָך
דערשפיר איך דעם קריץ פון פאַרשעלטער
וואָס פאַרשוועכן דיין ברכה
מיט בראָך.



ירושלים שלביימער –
וואו עס רייסט זיך דאָס גרעזל דורך שטיין;
די אָפענע שטאָט די געהיימע –
וואו האַרציק־ווייך זענען די שטיינער
און הערצער אָפט האַרטער פון שטיין...

געזען האָב איך יידישע היימען,
פאַרטרוימט
און דערשיטערט פון ווי...
איז ווי זאָל דאָס האַרץ מער ניט וויינען
ווען סע שפּאַלט זיך מיין היימשטאָט
אויף צוויי?...

## כל הדברים יגיעים...

קיין גרויסע גליקן
זוך איך ניט,
נאָר וויפל ס׳וועט מיר קלעקן
אָטעם –
כ׳וויל גרייכן צו דער קורצער ליד
וואָס וואַרפט נאָך זיך
אַ לאַנגן שאָטן.

*

מיין עפּיטאַפיע איז אַ ווילד געוויקס
אין קעניגרייך פון טרויער און באַדויער –
אַ שמייכל שלייכט פאַרביי זיך ווי אַ פוקס
און ווערט פאַרפאַלן צווישן שטיינער גרויע.

דאָ שלאָגט זיך אָפּ דאָס מענטשלעכע געוויין
אין שטומקייט, וואָס אַן אייביקייט זיך ציט
און פון דער זייט מיין שמייכל בלייבט אַליין
ווען אַלע ווערטער, אַלע ווערטער ווערן מיד.



## דאָס עפּעלע

דאָס קורצע ליד וואָס וואַרפט אַ לאַנגן שאָטן...
אין וועמען קאָן שוין זיין דאָס עפּעלע געראָטן?

און טאָמער ס׳גרילצט, ספּאָטיקעט זיך אַ גראַם,
איז דען אַ צופאַל דער אַלץ גובֿרדיקער שטאַם?

אָך, עפּעלע, זאָלסט ניט פאַרקייקלען זיך צו ווייט,
ווען אַלע לידער, אַלע לידער ווערן קירצער פאַר דער צייט...

## פאַלן ווי אַ דעמב?

ער איז געפאַלן, זאָגט מען,
ווי אַ דעמב...
פאַלן ווי אַ דעמב?
איך וויל ניט פאַלן ווי אַ דעמב!

ס'ווערט ביזן שאַרפן ווייגעשריי
ניט היימלעך...
ווען ס'פאַלט אַ דעמב,
ווען ס'פאַלט אַ דעמב אַנידער
דערמאָרדעט ער אַרום
די יונגע ביימלעך
און צעקאַליעטשעט אָן רחמנות
זיינע דעמבן־ברידער.

ניין, כ'וויל ניט, ניין!
פאַלן וויל איך ליכטיק־ריין,
פאַלן וויל איך דווקא לייכט, לייכט
ווי ס'פאַלט אַ פעדערל
אַ פאָרכטיק שווייגנדיקס
פון יענער ווייסער טויב
וואָס טראָגט אין שנעבעלע
דאָס אויסגעבענקטע
לאָרבער־צווייגעלע.



## אויפגאַנג

שוין אָנגעזעטיקט,
פול מיט רוישיקע עליות,
מיט דעם הור־האַ פון לוסטיקע מרידות,
ווען ס'זעצט זיך שטיל די אָוונט־זון מיר אויף די מידע וויעס
פאַרפיר איך מיין געזאַנג צו אָפּגאַנג און ירידה.

ניט אומעטיק נאָר קלאָר
מיט אויסדערוויילטע קלאַנגען
צעגיסט זיך ביז קאַיאָר
דער שטראָם פון רייפן שווייגן,
די הענט זיך שפּיגלען שטיל אין מינדסטן רויש פון צווייגן
און ס'פיבערט הייס דאָס האַרץ ווי פיש אין נעץ געפאַנגען.

דער וועג צוריק צו זיך
איז פול מיט פיין און שטרויכל,
און אָנגעפילט מיט פרייד ווי אויסגערייפטער מילגרוים –
איז דאָ אַיעדער קער;
בלויז היטן מוז איך, היטן אין דעם געדיכטן ווילדגראָז
דעם אָנבאָט און באַגער:
ניט זיין אַליין זיך מוחל!

שוין אָנגעזעטיקט,
פול מיט רעשיקע מרידות,
צו־זעט זיך אָנגעשפילט
מיט שטראַלן און מיט שאָטנס,
פאַרפיר איך מיין געזאַנג פון אָפּגאַנג און ירידה
וואָס וועט געטריי צום אָנהייב און צום אויפגאַנג מיך דערטראָגן.

## שמייכל

ס'איז דאָ, ס'איז דאָ אַזאַ מין שמייכל,
אַ פונק, אַ וואונק, אַ גוטער מיין –
זיי שליסן אויף די טיפסטע הייכן,
זיי מאַכן ווייך אין וועג אַ שטיין,
די שטאַרקסטע ציינרעדער זיך קרישלען,
באַרירנדיק דיין צאַרט געביין!
– – –
לאָז, כ'וועל דיר ס'בלוט פון מויל אָפּווישן –
צו האַרט האָסטו פאַרקלעמט די ציין.



## טיפער אָטעם

ס'איז דאָ, ס'איז דאָ אַזאַ מין שטילער, טיפער אָטעם,
אַז אָט עס דוכט באַמערקט מען אים קוים קוים
ווען אַלע חושים האָט מען
פאַרשפענדעט אויפן שוים,
אויף טעגלעכן געיעג פון רעשן און פון רוישן.

ס'איז דאָ, ס'איז דאָ אַזאַ מין קלאָרער, טרייער ניגון
אַז טיילמאָל ס'דוכט – אָט ווערט ער, מעשה שטן,
אויף אייביק שוין פאַרשוויגן און פאַרשריגן
דורך ווילדע, פרעכע טענער
און צעגרילצטע נאָטן
פון העלישן געווימל בייזע פליגן.

נאָר ניין, פאַרגיין וועלן צו גרונט
די ווילדע רעשן און די פרעכע, פרעמדע טענער
וואָס פלייסן זיך די וועלט און דיך דערשטיקן,
ווייל וואָס קאָן עכטער זיין און שענער,
וואָס קאָן זיין וואָרער אָדער מער געראָטן
ווי אָ־דער קלאָרער, טרייער ניגון? –

אַז סוף כל סוף די וועלט אַליין וועט מוזן שוין דערשפירן:
ס'איז דאָ, ס'איז דאָ אַזאַ מין שטילער, טיפער אָטעם.

## מאַמע־לשון

מײַן מוטערלעכע שפּראַך,
מײַן ייִדיש מאַמע־לשון,
דײַן פּלעמעלע, מיר דאַכט,
אָט ווערט עס אויסגעלאָשן...

אָט האָט מען פראַנק־און־פרײַ
דײַן שריפט אויף בלײַ צעגאָסן,
דערנאָכדעם מיטן בלײַ –
די דיכטער אויסגעשאָסן.

אָט האָט מען שטיל, אָן רעש,
פאַרברענט שוין דײַנע ספרים
און ס׳האָבן זייער אַש
די ווינטן שוין באַוואָרנט.

נאָר ס׳פּיקט זיך אויף דער צונג
דאָס לשון דאָס פאַרוועטע,
ס׳טוט ממזריש אַ וואונק
פון ערגעצוואו אַ ווערטל,

ס׳טוט פלוצעם, ווי אַ בליץ
פון צווישן שווערע כמאַרעס, –
אַ שנײַדנדיקער וויץ
אויף המנען, אויף פרעהן.



אַ ניגון טוט אַ נעם,
אַ צופּ פאַר דער נשמה
און ס׳פּלייצן פון דער פרעמד,
פון אַלע זײַטן שטראָמען –

סײַ לעבעדיק, סײַ טויט,
סײַ יונגע און סײַ אַלטע, –
ניטאָ נאָך יענע נויט,
וואָס קאָן דעם גאַנג פאַרהאַלטן.

די מײַלער – טרוקן־בראַנד,
ווי צו אַ קוואַל זיי קומען:
אַ ייִד און אַ מאַראַן,
אַ גר און אַ משומד.

מע קומט אַהין וואו ס׳רופט,
מיט אויפרייס אָנגעלאָדן,
דאָס הייסע וואָרט, אין לופט
אין פרישער אויסגעבאָדן.

און ס׳קלינגט און זינגט און לאַכט
דער גאַנצער וועלט אויף חידוש,
מײַן יאָדערדיקע שפּראַך,
מײַן מאַמע־לשון ייִדיש.

## „איצעט"

ווען ווייטיק ווערט אַ וואַיטיק,
ווען בלוימען ווערן קווייטיק
ווערט דאַן דאָס לשון צייטיק
און ס'האַרץ ווערט ניט געזעטיקט.

ווען ס'ווערן רויע זאַצן
מיט רייפקייט אויסגעבאָוועט
צעשליסן זיך פּאַלאַצן
אין היימוויי אויסגעכאָוועט.

דיין וואָרט דערגרייכט צו שפּיצן
ווען ס'הילכט אין דער נשומה
דער מאַמעס וויכער „איצעט",
דעם טאַטנס ליד און שטורעם.

ס'צעפּליגלען זיך אין האַרצן
דער מאַמעס טיפסטע קושן,
ס'צעברויזט זיך דאַן צום שטאַרקסטנס
דיין טאָטע־מאָמע לושן.



די וואָרע דיאַלעקטיק
פון שפּראַך און דיאַלעקטן, –
באַשיצנדיק פון קעלט דיך
ווערט ליבער, קלאָרער, העלטער,

געטריי זי טוט באַגלייטן
דיין ליריק און דיין עפּיק
און האַלט געטריי אין וועג דיך
באַלייטן, צערטלען, גלעטן. –

ביז ס'ווערט דאָס לשון צייטיק
און ס'האַרץ בלייבט ניט דערזעטיקט...

# לידער

1

כ׳האָב נישט ליב קיין לידער וועגן לידער
ס׳מאַכט זיך אָבער, אַז איך זינג זיי אויך...
טאָמער זיין וועט אייך די זאַך דערווידער –
ווייסט, אַז פייער קומט נישט אָן קיין רויך.

כ׳יאָג פון זיך די לידער וועגן לידער,
ווי דעם רויך, וואָס אין די אויגן עסט זיך איין,
ס׳מאַכט זיך אָבער אַז צו זיי איך נידער
אויסבאַהאַלטן זיך פון צו פיל פיין.

1985

*

כ׳האָב נישט ליב קיין ליריק,
וואָס איז בלוי־קאָליריק.
ליב כ׳האָב האָרעפּאַשנע רייד:
״ערד״ און ״ברויט״ און ״לייד״ און ״פרייד״,
ליב האָב איך דעם רעגנבויגן
נוצן ווי אַ פיילנבויגן
און דאָס וואָרט – די פייל זאָל זיין,
טרעפן זאָל אין קוואַל פון פיין,
זי צעשפריצן און צעזייען
איבער ווייסע וויסטע שנייען...

כ׳האָב נישט ליב קיין בלויע ליריק
וואָס אויף לויבווערטער איז גיריק!

1978

2

כ׳האָב איינמאָל שוין, ווי זאָגט מען דאָס, געקלאָגט
אַז כ׳האָב ניט ליב קיין לידער וועגן לידער, –
צי בין איך דען ביז איצט דער זעלבער שוטה,
וואָס דווקא יענע לידער שפּאַרן ווידער שוין
פון מיר,
ברעכנדיק ווי גרינגע צויטן
די שווערע דאַמבעס הינטער מײַנע ווייטיקדיקע הויטן?!...

נאָר מילא,
זאָל שוין בעסער זײַן אַזוי
כל־זמן סע טרייסלט זיך
נאָך צייטנווייז פון קאָפּ
דאָס ביסל גרוי.

1995



# ליריק

כ׳האָב ליב אַ רעמל,
מײַנסטנס ניט קיין שוואַרצס,
און ס׳מאַכט ניט אויס אויב ס׳מאַכט זיך
אַ רעמל וואָס איז ניט קיין פּיל־קאָלידיקס,
נאָר צו אַ רעמל,
ווי עס זאָל ניט זײַן,
עס ציט זיך שטאַרק מײַן האַרץ,
דאָס האַרץ פון גרענעצלאָזער ליריק.

כ׳האָב האָלט
דאָס קלינגענדיקע גאָלד
פון גראַס,
אַפילו ווען עס קלינגט שוין טיילמאָל גאַנץ צעביליקט
ווײַל ס׳האָט אַזוי מיך
סײַ מײַן אָפּשטאַם, סײַ מײַן שטאַם
מיט ברכה צו געזאַנג באַווייליקט.

כ׳גיי אויס חלשות
נאָכן רעכטן וואָרט,
כאָטש ס׳קומען אָפט אויך ווערטער,
וואָס כ׳בין צו זיי ניט גיריק,
נאָר כ׳צערטל זיי מיט אָטעם מײַנעם פּאָרט,
מיט הייסן אָטעם
פון דער גרענעצלאָזער ליריק.

## פּאָעט

ס'האָט פינצטער געדונערט,
ס'האָט בלענדיק געבליצט
און ער, ווי אַ נאַקעטער שטיין,
פון קיינעם געהיט
און פון גאָרניט געשיצט,
באַוואַשן מיט וואָלקן־געוויין...

און ס'האָט זיך געדאַכט שוין,
אַז אַלץ שווימט אַוועק
מיטן שטורעם־פאַרכמאַרעטן שטראָם,
אַז נישטאָ איז קיין אויסוועג,
קיין שפור אויף קיין שטעג
פאַרן שטיין ביי דעם איינשלונג
פון תהום...

נאָר ווייזט אויס, פון דער טיף
דאָס פאַרבאָרגענע וואָרט
האָט מיט פייער געטריפט
אַ געגאַרטס,
און אַ ניגון פון ווייט
האָט זיך שטאַרקער צעגליט,
ווי ביים אַלטן בעל־תפילה
ס'צעבראָכענע האַרץ
האָט זיך פלוצעם צעפליגלט
אַ ליד.



## דאַנק און געבעט

דער אַלטיטשקער נביא ראַבינדראַנאַט טאַגאָר
מיט אַ צעקנייטשטן פנים צווישן הימל און באָרד
שטייט ער און פריידיקט וועגן גאָרנישט און גאָר, –
דער אַלטיטשקער נביא ראַבינדראַנאַט טאַגאָר.

די צאַרטע דיכטערין, די פּאָעטעסע רחל,
וואָס ”איר וועלטל איז שמאָל ווי דער מורעשקעס וועלט”
זי פאַרזיסט איר בענקשאַפט מיט קאַווע־און־העל,
די צאַרטע דיכטערין, די פּאָעטעסע רחל.

אויך מיין ווילנער פושקין איז ניט אַבי־ווער, –
נייע וועלטן באַשאַפט ער פון בראָך און צעשטער,
אין דער טרוקענער וויסטעניש פאַרפלאַנצט ער אַ טרער,
ווייל אויך מיין ווילנער פושקין איז ניט אַבי־ווער...

דער אַלטיטשקער נביא,
די צאַרטע רחל,
דער פּאָעט פון מיצקעוויטש־שטאָט –
ס'טוט צו אייך זיך אַ קער
הימל־און־ערד פון דער רוישיקער וועלט
ניט מיט קיין אָפשטויס־שפּאָט
נאָר מיט דאַנק און געבעט.

## פאַראַן אַ "מעטר"

פאַראַן אַ "מעטר" –
אַ זאַטער פעטער,
ער כאַליעט אויף זיינע
לאָרבערבלעטער,
מיט גרויס הנאה
דאָס בייכל גלעט ער
און בלאָזט פון זיך...

אַ צווייטער "מעטר" –
שוין דאַרלעך, זעט איר,
גלייך איינגעשלונגען
ער וואָלט אַ מעטער.
ווי פון אָלימפּ –
אַראָפּ־צו רעדט ער
און בלאָזט פון זיך...

און איך בין קיין "מעטר",
פון אָנפאַנג איך קלעטער
און הייזעריק בין איך
פון ווינטיקן וועטער...
כ'בלאָז מיך ניט פון גאווה
און אויך ניט פון שמאַלץ,



ווען כ'ברי זיך אויף הייסן –
בלאָז איך אויף קאַלטס,
ניין כ'בין ניט קיין "מעטר" –
צום טייוול די מי!
אַן אָנפאַנגער בין איך.
פון פרי ביז צו פרי

איך שטייג און איך שטייג
און בלייב אַלץ פאַר אַ באַרג.
דעם קאָפּ איך פאַרוואַרף
אַזש סע ברעכט מיר דער קאַרק;
פאַרציען די וואונדן
פעלט שטענדיק אויס הויט...
אַזאַ איך פאַרבלייב שוין,
ווייזט אויס, ביזן טויט.

# דאָס בעל־הביתל

עס שטופּט אים, עס שטופּט אים
עס שטופּט אים דער נאַר,
און זאָגן זיך זאָגט ער,
אַז ער איז דער גבר;

אַז זיינס איז דאָס רייכטום,
דאָס מלכות, דער שלאָס,
אַז גאָר איבער אַלץ
איז ער – באַלעבאָס.

נאָר טאָמער וועסט פרעגן
ביי אים – איבער וואָס
פאַרשטערט אים זיין גדולה
דער ביטער־פאַרדראָס? –

וועסטו ערשט דערזען
די רציחה וואָס ברענט
ביי אים אין די אויגן;
מיט צעטרייסלטע הענט –



וועט ער זיך אַ וויש טאָן
פונעם שטערן דעם שוויס
און זאָגן פאַרדראָסיק־פאַרצווייפלט:
– איך וויים?!

און בלייבן וועט הענגען
זיין שמייכל־גרימאַסקע,
וואָס שענקט יעדן מאַכטהאָבער
אַ שוידער־צעטראַסקע,

אַ נעבעכדיק שמייכל
פאַרזשאַווערט און שטאַר –
ווייל סע שטופּט אים, און שטופּט אים,
און שטופּט אים דער נאַר.

## דור הולך ודור בא

ניכטערער,
ברידערלעך,
שיכור פון ניכטערקייט –
ס׳גייט נאָך ניט אונטער
די וועלט:
אַ דור לעשט זיך אויס
און אַ יונגער נעמט ליכטיקן,
שפּירט איר ניט, פריינט,
ווי סע העלט?

אַזאַ איז דער גאַנג
און אומזיסט
איז דאָס קאָכן זיך,
כ׳בעט אייך,
ניט קריכט פון דער הויט,
באַשמייכלט מיט יום־טוב
די וואָכיקסטע וואָלקנטעג –
די שפּיל צווישן לעבן און טויט.

*

– מיין אַלטער קראַנקער שטאַרקער מאַן,
וואָס וואַקלסטו זיך בעת דיין שפּאַן?
– ס׳ווערט שווערער אַליץ מיין גרויסער יאָך,
ווי קייטן שווערע שלעפּ איך נאָך
אַלע ניט פאַרענטפערטע פאַרוואָסן
אַלע ניט פאַרגענגלעכע פאַרדראָסן...

– איז וואָס?
פאַרגאַנגען ביסט אין שיינעם אָסיען,
ס׳איז פריש מחיהדיק
אויף יעדער גרעזעלע די קילע ראָסע...

מיין אַלטער קראַנקער שטאַרקער מאַן,
שפּאַן ווייטער, שפּאַן
ווי ס׳לעבן שפּאַנט!

*

דאָס לעבן שמעקט
מיט קינדער־ווינדעלעך,
מיט זון־אויפגאַנג
פון דור צו דור
ביים פייער־פלאַם פון שקיעות –
וואונדערלעך
גייט אויף אַ פרישער דער קאַיאָר.
אומזיסט די ווייגעשרייען
טראָגן זיך
און עמעצער פאַרברעכט די הענט,
דאָס לעבן שאַרט אַראָפּ
די קלאָג־מוטערס
ווי שימל פון די גלייכע ווענט.



# איך בין

איך בין יידיש
ווי יידיש ס׳איז מיין יעדער קער און ווענד
אַפילו ווען עס בלאָזט דער בייזער ווינט
צעטראָגנדיק די ״בשורה״ פון פאַרלענד...
אַפילו ווען די קנאה זיך צעגרינט
גאָר אומפאַרשעמט
אויף אַלע כלומרשט שטומע ווענט
און ס׳קוקט אויף מיר מיין אייגן וועלט פאַרחידושט,
פאַרהייב איך נישט די הענט
צעשטאַמלט און געבלענדט
פון יאָמערלעכן קלאָג מיט אויסגעקרענקטן קידוש, –
ווייל ס׳רייפט זיך אויס מיין גאַנג
דורך פרעסט און קעלט
און ספק מיט בטחון צענעסטן זיך אין מיין געזאַנג
היברידיש –
ווייל יאָ, אויף יעטוויד וועג און שטעג
פאַרבלייב איך חוצפּהדיק געטריי דעם יאָדערדיקן קלאַנג.

ווי יידיש
ס׳איז מיין יעדער קער און ווענד
אַזוי איז אויך מיין וואָר, מיין טרוים און דראַנג
און מיין פאַרלאַנג
צו מאָנען און דערמאָנען:
איך בין יידיש...

## ניט צי נאָך זיך...

ניט צי נאָך זיך קיין שלעפּ־לייצעס
פון איבערגעווייטיקטע רייד,
זיי קליגער פון דעם
וואָס דער האָט אַמאָל ערגעץ געזאָגט
און יענער האָט ערגעץ געשפּעט,
זאָלן די דאָזיקע דאגות
ווי ליידיקע פּעסער פון באַרג
זיך קייקלען אַראָפּ
און דו, – שפּאַן ווייטער
מיט אַ געהויבענעם קאָפּ
און זינג פאַר זיך דאָס שיינע לידעלע:
"שפּאַצירן, שפּאַצירן
זענען מיר געגאַנגען
מיט מיין טייער ווייבעלע,
מיט מיין זיסן טייבעלע.
שפּאַצירן, שפּאַצירן –
די גאַס, די גרעטשעסקע מיט אונדזער זינגעניש
באַצירן..."



## די גאָלדענע קייט

זיי זאָגן: "די קייט האָט זיך ענדלעך צעפאַלן,
די רונגען געפּלאַצט מיט אַ ספּאַזמישן טראַסקן!"
נאָר כ'קאָן ניט באַגרייפן דעם גענוס פון שאַקאַלן
וואָס נערן זיך שטענדיק מיט אָפּפאַל און האַס.

זיי זאָגן: "די קייט איז שוין נעבעך פאַרפאַלן",
נאָר כ'הער אין דעם נעבעך ווי ס'קוויקט זיך אַ מת
מיט נישטיקער פרייד איבער קאָסמישן פאַלן
פון ריזן וואָס מוזן דערשטראַלן צום נס.

זיי שמאָכן און זאָגן: "ס'פאַרמאַכט זיך דאָס קרעמל,
דער קעניג איז קראַנק שוין, פאַרוואָרלאָזט דער טראָן..."
נאָר דווקא פאַר זייער נשמה – אַ פלעמל
מיט מיטלייד־באַדויער צינד איך איצטערט אָן.

ווייל מאָרגן, ווען ס'וועלן די נאַרישע שמייכלען
פאַרגיין אין פאַמעלעכן העלישן שוואונג,
דאַן, ווייס איך אויף זיכער, די קייט וועט דערגרייכן
צו נייע גאָר הייכן – אַ רונג נאָך אַ רונג.

## ווידער פרילינג

עס טריפן שוין די צעפּלעך אייז
מיט ריינעם הימלבלוי
און ס׳פינקלט פייערלעך די זון
פון יעדן טראָפּן טוי.

און יעדע פייכטע ווערבע־צווייג
הערט איין זיך שטיל פּאַרטיפט
און וואַך צו יעדער פליגלפּאָך,
צו יעדן פרישן טריף...

און איך אַליין, און איך אַליין,
ווי נאָר אויף גאָטס באַראָט –
כ׳ווער פלוצעם פריי פון שטאָל און שטיין,
כ׳ווער פריי פון שטייג און שטאָט
און כ׳ווער אַליין ווי יענע צווייג,
ווי טראָפּנטריף – איך ווער
און, ערן וואָרט, עס דאַכט זיך מיר,
איך דאַרף שוין גאָר ניט מער –

אַבי נאָר וואַרטן יעדן טאָג
אויף עפּעס אומדערוואַרטס –
דער קנאָספּ זאָל פּלאַצן צו דער צייט
און צו דער צייט – דאָס האַרץ.

מאָסקווע, 1968



## אָנהייב פרילינג

דער יצר הרע וועקט זיך אויף אום פרילינג,
כאָטש אויך דעם לאַנגן ווינטער האָט ער קוים געדרעמלט
נאָר מיט דער פרילינגזון ווערט ער באַוויליקט
זיך אויסצודרייען פונעם שכל׳ס שוואַרצן רעמל.

אַנטקעגן דיר עס גייען שיינע, שטייפע ווייבער
נאָר מילדער ווערסטו, כאָטש דיין יעדער טראָט איז האַסטיק,
ווייל ניין, ניט קערפּערלעך דו האָרעוועסט, נאָר גייסטיק
ס׳צעצערטלען זיך מיט די די זון־געזאַלבטע לייבער.

דער יצר טוב וויל אויך דעם פרילינג ניט פאַרשלאָפן,
ער קוקט זיך אום אויף יונגן ביימער שאָטן,
אויף צאַרטע, פרישע צווייגן, אויף אויסגעבענקטע בליטן
"שוין צייט, שוין צייט, – זאָגט ער, – מיט ווערנע זיך צעוויטען!"

דו שפּאַנסט פאָרויס מיט אָט־די צוויי פאַרשוינען,
וואָס ווילן כלומרשט ניט די זון, ניט דיך, ניט זיך, ניט שוינען –
און דאַנקסט דעם אייבערשטן פאַר אָט־דעם לייבלעכן גוזעמל,
וואָס מאַכט דיר ליכטיקער דעם שכל׳ס שוואַרצן רעמל.

אָקספאָרד, 1994

## געבראָכענע ריטמען

טויזנט שווערע מײַלן
דורכגעשפּאַנט,
ביז גענומען כ'האָב
די פּען אין האַנט.

אַזאַ יאָר אויף ניט־פּאַרגינער,
סאַראַ ספּאָרט –
רײַסן פֿון דעם האַרצן
וואָרט נאָך וואָרט!

און דערבײַ נאָך,
זינגענדיק צום טאַקט,
און דערבײַ נאָך –
קנײַפּנדיק אַ באַק,
אַז ניט וויסן
קיינער זאָל מײַן וויי,
(כ'בין דאָך פּאָרט,
ווי זאָגט איר דאָרט,
אַ "פרייער סאָלאָווייי"...)

באָרוועס איבער שטעכדראָט
זיך געלאָזט,
טויזנט מײַלן קרוע־בלוע
דורך אַ פּראָסט,

ביז די פען אין האַנט אַריין
זי קומט,
ביז דאָס וואָרט מיינס
פלוצעם זיך צעברומט
ווי אַ זויגלינג,
שטראַלנדיק פאַר וואונדער,
ווי אַ פויגל,
פאַלנדיק פאַרוואונדיקט.

אַזאַ יאָר אויף ניט־פאַרגינער
סאַראַ פאַך.
ברעך איך מיינע ריטמען
און איך לאַך...



# אַ שאָד

אַ שאָד, אַ שאָד
דו קוועלסט פון זיך אַרויס אַ ליד,
צומאָל אַ שורה פערווי סאָרט
און דאָ און דאָרט
אַ פרישן גראַם וואָס ריזלט, בריט און בליט.

און דאַן פאַרציקלט זיך דאָס ליד
און סטיכיש ווילד, עס ווערט דער פערז
געמילדערט פון זיין אייגנקלאַנג.
ווערט פול מיט זיך, פאַר זיך, אין זיך
אין נעץ אין אייגענער געפאַנגט.

און דאַן –

פאַרגייט צו גרונט די בלינדע פרייד
איבער געבוירענעם געזאַנג
און ווידער נאָגט אין אינגעווייד
דער צער פון אויסגעשפילטער שעה:
צי ס׳וועט דען קומען נאָך אַ ליד –
אַ יונגער שפור פון עכטן סליד?
אַ שאָד, אַ שאָד...

## ניט שייך...

ניט שייך, טאַטע־פֿאָטער,
כ׳זאָל מיט דיר זיך דינגען,
פֿונדעסטוועגן, גיב קראַפֿט מיר
צו דערזינגען,
כל־זמן דיין לופֿט
פֿאַרפֿעלט ניט מיינע לונגען...

און טאָמער ווילסטו,
דווקא מיך,
מיט לאַנגע יאָר באַשענקען –

כ׳וועל, גלויב מיר, אויך פֿון דעם
ניט צו פֿיל קרענקען...

ניט מער, איך בעט, אַז מיינע אַלטע יאָרן
זיי זאָלן זיך מיט יונגע כּוחות פּאָרן.



## גיב קראַפֿט

מיין גאָט, גיב קראַפֿט זיך אויפֿהייבן אויפֿסניי
ווען ס׳דאַכט שוין אויס, אַז אַלע דיינע הימלען
זענען אויף אייביק איינגעפֿאַלן,
ווען ס׳דאַכט זיך אויס, אַז ס׳זענען שוין פֿאַרביי
די קלאָרסטע וואַסערן פֿון דיינע טיפֿע קוואַלן.

מיין גאָט, גיב קראַפֿט צו לינדערן דעם וויי
מיט ליבשאַפֿט, און מיט שמייכל, און מיט שאַרפֿזין,
דעם בראָך – מיט ברכה, און די פֿרייד –
מיט גלייכגעוויכט
אַקעגן אַלע כּישופֿן פֿון וואַנזין,
אַקעגן אַלע שימערן פֿון בייזער, פֿאַלשער ליכט.

מיין גאָט, גיב קראַפֿט זיך קעגנשטעלן פֿעסט
די צויבערן פֿון סאַמע רייצנדיקסטע מאָדעס,
דעם טראָט דעם אייגענעם צו שטעלן אויף פֿאָרויס
צום ברעג וואָס אָט ס׳איז דאָ און אָט ס׳איז אויס,
צום ראַנד וואָס צווישן דיר און מיר, בן־אדם.

## מוטער

אַזוי שטאַרק און טרייסטנדיק און מילד,
מיטן ערשטן אויסגעשריי צוזאַמען,
צוזאַמען מיטן זיסטן טראָפּן מילך
די ערשטע שפּירונג: מאַמע!

און אַפילו ביז צו גרייז און גרוי,
פאַר דעם שוואַכסטן ווינטל איינגעבויגן
און אַפילו ביז צום לעצטן "אוי!"
שפּירסטו זי, פאַרשליסנדיק די אויגן.

אַזוי שטערנדיק און וואַרעם איר באַריר
איבער מבולען בלוטיקע און פלאַמען –
די ווערטער דריי: דיין "מיר פאַר דיר!",
די זיילן דריי פון וועלט־באַשאַפונג,
מאַמע.



## מאַמע

ווען דער הימל איז ביי דער ערד געפאַלן
און די וועלט געוואָרן כולו־הימל,
האָבן דאַן די וועגן ערדישע זיך צעקושט מיט שטראַלן
און די שטערן לויטערע געצערטלט שטויב און שימל, –

האָט פון טיפסטן ווייטאָג דאַן אַ קול אַ דינינקס
זיך אַרויסגעריסן צו דער העכסטער דממה,
האָט דאָס קול גערופן ניט צום טאַטן זיסן
נאָר צום ריינסטן אורקוואַל:
מאַמע!
מאַמע!
מאַמע!...

## לויב צום אייביקן

לויב צום אייביקן –
איך גלויב ניט אין קיין אייביקייט!
נאָר סיידן אפשר, צי סע דאַכט –
דער אומבייט צווישן טאָג און נאַכט,
דער אויסטויש צווישן שיין און שאָטן,
דער אומקרייז צווישן אַש און אָטעם...

ס׳קען זיין, ס׳קען זיין,
נאָר אויף געוויס –
כ׳מעג שווערן, אַז אומשטערבלעך איז
די איינציק אויסדערוויילטע רגע
אין הייסן שטראָם
פון שטענדיק־פלייצנדיקער צייט,
ווען אַלע דיינע לעבנס־וועגן,
זיי ברענגען דיך צומאָל אַרויס
צו גאָט און לייט, כדי אַ זאָג טאָן
איבערפולט מיט גלייביקייט:
לויב צום אייביקן,
איך גלויב ניט אין קיין אייביקייט.



## כל־זמן

איך בין דערוויל אומענדלעך און אומשטערבלעך
און ניט צוליב דעם סוף פון מיינע טעג
ס׳צעזינגען זיך מיר טיף אין אָט־די ביינער
די אייביקע קאַפּיטלעך תהילים,
כאָטש, ווייסן ווייס איך גוט,
אַז ס׳וואַרטן ערגעצוואו געדולדיק
מיינע שערבלעך
אויף זייער שעה.

און כ׳אייל מיך ניט דערוויל
אַ שפּיל טאָן
אין די קונדייסקע אַזאַרטשפּילן
פון גייסטיקייט־און־לייביקייט
מיט שטויביקער פאַרבלייביקייט,
כאָטש ס׳פּויקט אויס שטאָלץ
מיט אימפּעט
איעדער אָדער: ״איך בין דאָ!״

ווייל אייביק לעבן וועט
מיין גאַרונג צו זיין ערלעך
מיט דיר, מיט זיך, מיט אָט־דער ערד,
מיט אונדזער גרענעצלאָזן הימלבלאָ.

ווייל יעדעס מינדסטע גרעזל,
יעדער קלענסטער טראָפּן רעגן
זאָגט מיר אונטער הערלעך:
– כל־זמן, מיין פריינט, דו עכטיקסט דאָ –
ביסטו דערווייל אומענדלעך און אומשטערבלעך.

